# יָאקֶל מָאפְּס

אָדֶער

## פון לֵייד אִין פְרֵייד

אֵיינֶע וַואהְרֶע עֶרְצֶעהלוּנְג

פון

נ. מ. שייקעוויטש שמ"ר

ווילנא

שנת תרנ"ו לפ"ק

# ІОКЕЛЪ МОПСЪ.

Разсказъ изъ староеврейскихъ нравовъ.

Н. М. Шайкевича.

Съ Виленскаго изданія 1889 г. безъ перемѣнъ.
Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА.
Въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ
переулкѣ, домъ № 1195/6
1896 г.

# א.

## אַמֶענְטְש וָואס הַאפְּקֶעט.

אני גרונם ברבי פסח סג"ל, אִיךְ גְרוּנֶם דֶער זָאחן פוּן רבי פסח הלוי גֶעדֵיינְק נָאךְ אַזוֹי וִויא הַיינְד דִיא מְהוּמָה וָואס סְ'אִיז גִיוֶועןְ בַּייא אוּנְז אִין שְׁטֶעדְטֶעל פִּיפְּקֶע בְּשַׁעַת מִיא הָאט יאקעל מאפס צוּ דֶער חוּפָּה גֶעפִירְט מִיט זַיין כלה דרייזיע ספּרינצע דִיא לַאנְגֶע, הָאטְשׁ דָאס אִיז שׁוֹין אַמַעֲשֶׂה פוּן אַיָאהר דְרַייסִיג.

אִיךְ גֶעדֵיינְק אַז קִינְד אוּן קַייט אַלְט אוּן יוּנְג זַיינֶען צוּ דֶער חוּפָּה גֶעלָאפֶען, נָאךְ שְׁטָעהט מִיר פַאר דִיא אוֹיגֶען צִיפֶּע גנענדעל דִיא שְׁטָאדְט מוּהמֶע אִין אִיהר שַׁבָּת'דִיגֶען בְּרוּסְטְטוּךְ אוּן אִיהר זַיידֶענֶעם פַּארְטוּךְ, אוּן אִין דֶעם גְרוֹיסֶען קְנוּפּ אוֹיף דֶעם קָאפְּף וִויא זִיא הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין דִיא זַייטֶען אוּן הָאט גֶעטַאנְצְט גֶעגֶען חתן כלה אַקָאזַאצְקֶע, אוּן זִיא הָאט גֶעמָאגְט טַאנְצֶען וַוייל זִיא הָאט גֶעמֵיינְט אַז זִיא אַלֵיין הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס גֶעלְד אוֹיף דֶער חֲתוּנָה אוּן וֶוען נִיט זִיא וָואלְט אֶפְשֶׁר דרייזיע ספּרינצע דִיא לַאנְגֶע עַד הַיּוֹם הַזֶה אַמוֹיד גֶעבְּלִיעבֶּען, אִיךְ גֶע-דֵיינְק נָאךְ וִויא רבי שמערקע דֶער דַיין אוּן רבי בערקע דֶער חַזָן הָאבֶּען דַוְקָא גֶעוָואלְט מִיא זָאל דִיא חוּפָּה שְׁטֶעלֶען אוֹיפֶן בֵּית עוֹלָם וַוייל דֶענְצְמָאלְט אִיז נִיט הַיינְטְגֶעדַאכְט אִין פִּיפְּקֶע נִיט שְׁטִיל גִיוֶוען אִין אֵיין וָואךְ זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען צְווייא קִימְפֶּעטָרִינְס מִיט צְווייא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, נָאר דֶער חתן הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט

און האט ניט געוואלט חתונה האבען צווישען טויטע. איך געדיינק וויא אלע ווייסע חברה׳ניקעס האבען זיך נאך מיט אכט טאג פריהער אנגעגרייט זעקנאדלען צוא שטעכען דעם חתן מיט דער כלה אין דיא ווייכע ערטער בשעת זייא וועלין אונטער דער חופה שטעהען. מיר קלינגען נאך אין דיא אהרען דיא האחא־טלולעם (הוּבּי וטלולי) מיט דיא לצנות׳דיגע ווערטער פון דיא יונגע פיפקער ווייבליך אלם יאקעל מאפס מיט דרייזיגע ספרינצען זיינען צוריק פון דער חופה געגאנגען פערטשעפעט מיט זייערע מיזיניציקעס (קליינע פינגער) קורץ גירעדט דעם טאג פון דער התונה איז געוועזן ליהודים ביי אונז אין שטעדטל.

איך בין נאך דאמאלס געוועזן איינגעל פון צוועלף יאהר, איך האב גילערינט אין דער פיפקער ישיבה און האב געגעסען אלע שבת בייא דעם גביר הערשעלע תרח דארום האב איך יאקעל מאפס זעהער גוט געקאנט, דען ער איז געוועזן משרת בייא דעם הערשעלען.

הערשעלע תרח איז געוועזן דער גביר פון אונזער שטעדטי׳ל זיין גבירה׳שאפט האט זיך צוא איהם גענומען פון דעם דוכס לאשמיצקי בייא וועלכען ער וואר צוואנציג יאהר דער גאנצער בן בית, דער דוכס האט הערשלען זעהער ליעב געהאט פאר זיין עהרליכקייט און נאך מעהר פאר דעם וואס ער פלעגט איהם מיט דער דוכסה בעשטענדיג פריילך מאכען דאמיט וואס ער פלעגט זייא זינגען „מה יפית” און נאך יודישע ניגונים. און דערפאר האט ער דעם יודעל רייך געמאכט ער האט איהם מיט זיין פאמיליע געהאלטען אין זיין אימעניע (גוט) און האט מיט קיינעם קיינע געשעפטע געמאכט אהן הערשקען. נאר אז דער דוכס איז גע־שטארבען און זיין עשירות מיט זיינע אימעניעס זייען אריין געפאלען צו זיינע יורשים, האט הערשקע געמוזט אריינפאהרין צו אונז אין שטעדט׳ל, און ער האט דא געלעבט טאקי וויא

יאקעל מאפס

דער

דָער דוכס אַלֵיין, עָר הָאט אוים גֶעמוֹיעָרְט אַצְוַייא שְׁטָאקְנִיעס הויז מִיט אַסַך שְׁפַּייכְלֶער, אוּנ הָאט גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטָען גֶעמַאכְט · דָאס גְלִיק הָאט אִיהם בֶּעגְלַייטֶעט אויךְ אִין אוּנְזֶער קְלֵיין שְׁטֶעדְטִ'ל, אוּנ עָר הָאט פֶערְדִינְט גֶעלְד פוּן אַלֶע זַייטֶען ·

צְווִישֶׁען דִיא מְשָׁרְתִים וָואס עָר הָאט בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב גֶעהַאלְטָען אִיז אויךְ גִיוָוען יאקעל מאפּס, נָאר אִיהם הָאט עָר גֶעהַאלְטָען עָר זָאל בֶּעדִינֶען זַיין בֵּן יָחִיד לייזערקען אוּנ זָאל אויף אִיהם אַכְטוּנְג גֶעבֶּען וַוייל דֶער לייזערקע וַואר אַווִילְדֶער יוּנְג אוּנ אִין פִּיפְּקֶע הָאט מַאן אִיהם מִיט קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען גֶערוּפֶען נָאר „דֶער שַׁיינֶעץ" ·

לייזערקע אִיז דַאמָאלְס אויךְ נִיט מֶער וִויא צְוֶועלְף יָאהר אַלְט גִיוָוען ; אִיךְ גֶעדַיינְק וִויא אַלֶע קִינְדֶער פוּן שְׁטָאדְט פְלֶעגֶען פַאר אִיהם דרךְ ארץ הָאבֶּען, אוּנ הָאבֶען אִיהם גֶעהַאלְטָען עֶפֶּעס וִויא אַקִינְד פוּן אַנ'אַנְדֶער בֶּעסֶערֶער וֶועלְט, וַוייל עָר אִיז אִימֶער גֶעגַאנְגֶען גֶעקְלַיידֶעט וִויא אַפְּרִיצֶעשׁ קִינְד אוּנ הָאט גֶעהַאט אַזֶעלְכֶע צַאצְקֶעס וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ נָאר נִיט גֶעוַואגְט צוּ זַייא זִיךְ צוּ רִיהְרֶען · אַלֶע יוּנְגְלִיךְ הָאבֶּען פַאר אִיהם גֶעצִיטֶערְט, דֶען עָר פְלֶעגְט אַרוּמְגֶעהְן מִיט אַנַאנְגַאַיְקֶע אִין הַאנְד אוּנ אַז עָר הָאט בַּאגֶעגִינְט אַיוּנְגֶעל הָאט עָר אִיהם בַּאלְד מְכַבֵּד גִיוָוען מִיט עֶטְלִיכֶע גוּטֶע שְׁמִיטְץ ; אוּנ דָאס יוּנְגֶעל נֶעבִּיךְ הָאט גֶעמוּזְט מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה זַיין דִיא שְׁמִיטְץ, דֶען טָאמֶער הָאט עָר גֶעמַאסֶערְט פַאר זַיינֶע עֶלְטֶערְין אַז לייזערקע הָאט אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען הָאבֶּען אִיהם דִיא עֶלְטֶערְין נָאךְ גוּט אָנְגֶעפַּאטְשְׁט דֶער פַאר וָואס עָר הַאנְדֶעלְט מִיט דֶעם שַׁיינֶעץ · אוּנ מַאסֶערְין אויף אִיהם פַאר זַיין רַייכֶען טַאטָען הָאט קֵיינֶער גֶעוָואלְט ·

בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאט מַאן גִיזֶעהֶען יאקעל מאפּס נָאכְגֶעהֶענְדִיג לייזערקען, עָר הָאט גֶעהַאט אַבֶּעפֶעהל עָר זָאל אויף אִיהם אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אִיהם זָאל חָלִילָה קֵיין שְׁלֶעכְטְס גֶעשֶׁעהְן · אִי־

יאקעל האט אויף איהם אכטונג געגעבן טאמער האט זיך געפונען איונגעל אנ׳עזות פנים וואס האט געוואלט לייזערקען געבין צוריק אפאטש איז יאקעל צו געלאפען אונ האט ניט געלאזט. אונ דארום זיינען אלע פיפקער יונגליך געווען דעם יאקלען בלוטיגע שונאים.

מיר יונגליך האבען גאר ניט פערשטאנען וויפיעל דער יאקעל האט איבערגעלידען פון דעם לייזערקען. ער פלעגט איהם באהאנדלען ערגער אלס אהונד, ער פלעגט איהם זעהער אפט שמייסען מיט דער נאגאיקע איבער דעם פנים אונ איבער דעם קאפף גלאט אזוי אויס פערגעניגען. אונ יאקעל האט איין ווארט ניט געטארט אויסרעדען, לייזערקע האט שטארק פער-געניגען געהאט אנרייצען יאקלען אויף דיא יונגליך וויא אהונד ער פלעגט טאקי צוא איהם שרייען וויא מיא שרייט צוא אהונד „קיסי! קוסי!“ (ביים ביים) אונ יאקעל האט געמוזט דיא יונגליך נאכלייפען אונ שרייען „האוו האוו“ וויא אנאמת׳ר הונד, אלע יונגליך פלעגען אנטלויפען מיט אגילעכטער, אונ מיא האט איהם דערפאר אנאמען געגעבען דעם ארעמען יאקלען „מאפס“ ווייל דעם גאראדניצעם הונד האט אויך געהייסען ‚מאפס׳.

יאקעל מאפס איז געווען חאצקעל דעם וואסערטרעגערס אזאהן, דער פאטער האט איהם געווען אבגעגעבען אין זיינע קינדישע יאהרען צו אשניידער ער זאל זיך לערנען שניידעריי ער האט אבער ביי דעם שניידער ניט געוואלט זיין, ווייל דיא ארבייט האט מאן איהם ניט געלערינט, מיא האט איהם דארט נור געהאלטען אויף שטובינגע מלאכות וויא ארויס צוטראגען דיא פאמייניצעם, צוהאלטען דיא ציעג פאר דיא הערנער בשעת דיא שניידערקע מעלקט זיא. טראגען וואסער, האקען האלץ אונ דאס גלייכען. אונ עסען האט מאן איהם גאר ניט געוואלט געבען. זיין פאטער האט איהם נאר אבגעגעבען צו אשוסטער,

גָארפָדא אִיז אויךְ דָאס וָועלְבֶּע גִיוָעְן וָואס בַּייא דָעם שְׁנַיידֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אַרוֹמְגֶעדְרֶעהט בִּיז פוּפְצֶעהן יָאהר בִּיז הערשעל תּרח אִיז אַרַיינְגֶעפָאהרֶען אִין פּיפּקע הָאט חאצקעל דָער וַואסֶער טְרֶעגֶער אַרַיינְגֶענֶעבֶּען זַיין יאקלען פַאר אַמְשָׁרֶת בַּייא דָעם גְבִיר אִין שְׁטוּב.

דָא הָאט זִיךְ דָער אָרְמֶער יאקעל גֶעפִיהלְט וְויא אִין גַן עֵדֶן, דָען וָועניגְסְטֶענְס הָאט עֶר דָא גֶעהַאט וָואס צוּ עֶסֶען, וָואס צוּ טְרִינְקֶען, אוּנ וואוּ צוּ שְׁלָאפֶען. עֶר הָאט וְויא אִיךְ הָאבּ עֶרְצֶעהלְט מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גִיוָעְן לייזערקעס שְׁמִיטְץ. אויךְ דִיא אָפְּטֶע קְלֶעפּ אוּנ פֶּעטְשׁ פוּן דִיא שְׁטוּבִּיגֶע מֶענְשֶׁען, וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז בַּייא אַשְׁנַיידֶער אוּנ בַּייא אַשׁוּסְטֶער אִיז נָאךְ עֶרְגֶער.

פִינְף יָאהר אִיז יאקעל מאפס גִיוָעְן בַּייא הערשקע תרח אִין שְׁטוּב. אִין דֶער צַייט אִיז לייזערקע שוֹין גֶעוָוארֶין אַגְרוֹיסֶער בָּחוּר אוּנ הָאט שוֹין אָנְגֶעהֵייבֶּען אַבִּיסֶעל צוּ שְׁטַאטְקֶעוָוען. עֶר אִיז יֶעצְט גֶעוָוארִין גְלַאט אַפְּרַאנְט אוּנ עֶר הָאט שְׁטַארְק אַפֶּעטִיט גֶעהַאט צוּא שֵׁיינֶע מֵיידְלַאךְ. יאקעל מאפס הָאט אִיהם אַלְץ בֶּעדִינְט, דָען לייזערקע אִיז צוּ אִיהם אַזוֹי צוּגֶעוָואהנְט גֶעוָוארִין אַז עֶר הָאט אָהן אִיהם שוֹין נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְקוּמֶען. יאקעל הָאט פוּן דָעם פְּרַאנְט יָעצְט אויךְ גֶעהַאט דִיא גְרוֹיסֶע צָרוֹת, עֶר הָאט אִיהם יֶעצְט אויךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט וְויא אַהוּנְד הָאטְשׁ עֶר הָאט אִיהם שוֹין נִיט גֶעהֵייסֶען הַאוּוקֶען, נָאר עֶס אִיז שוֹין גִיוָעְן צוּ דֶערְלַיידֶען, דָען הֶערְשְׁקֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען מִיט יאקלען צוּ בֶּעדִינֶען אִין גֶעשֶׁעפְטְסְזַאכֶען, עֶר פְלֶעגְט אִיהם שִׁיקֶען אִין דִיא שְׁפַּייכְלֶער צוּ נֶעהמֶען אוּנ אַרוֹיסְגֶעבֶּען סְחוֹרָה. אוּנ אַלְס יאקעל אִיז אַבִּיסֶעל גֶעגִיט גֶעוָוארִין אִין גֶעשֶׁעפְט הָאט עֶר אִיהם אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ צָאהלֶען אַנַאנְצְען רוּבֶּעל אַוָואךְ שְׂכִירוּת אַחוּץ מַאכֶען.

---

# ב.

## גֶעחַאפְּט !

נִיטָא בַּאמָאהלִיגֶע יָאהרִין ! הַיינְט בַּאגֶעגְנֶען מִיר אַלְטֶע בָּחוּרִים פוּן פֶערְצִיג יַאהר אוּנ אַלְטֶע דְרַייסִיג יָאהרִיגֶע מֵיידְעַן אוּנ קֵיינֶעם אִינְטֶערֶעסִירְט נָאר נִיט מִיא זָאל זַייא חֲתוּנָה מַאכִין . אַמָאל אִיז אָבֶּער נָאר אַיין אַנְדֶער וֶועלְט אוּנ אַנְדֶערֶע מֶענְטְשִׁין גִיוֶוען , וִויא בַּאלְד מִיא הָאט דֶערְזֶעהֶען אַיין אַלְטִין בָּחוּר פוּן צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ אַיין אַלְטֶע מוֹיד פוּן נַיינְצֶעהן יָאר הָאבִּין זִיךְ גֶעפוּנֶען צִדְקָנִיוֹתִין וָואס הָאבִּין אוֹיף זַייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּנ הָאבִּין דִיא כּחוֹת אַוֶועק גֶעלַיינְט אַבִּי זַייא חַתוּנָה צוּא מַאכִין .

אַז בַּייא אוּנְז אִין פִּיפְּקֶע הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַמוֹיד פוּן אִיבֶּער צְוַואנְצִיג יָאהר מִיט דֶעם נָאמֶען דרייזיע ספּרינצע דִיא לַאנְגֶע , קָאנְט אִיהר שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהְן וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעטָאן דִיא גַבַּאִיטֶעס אוּנ דִיא פְרוּמֶע וַוייבֶּער פוּן פִּיפְּקֶע הָאבִּין פָּשׁוּט קֵיין נֶעכְט גֶעשְׁלָאפִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַלְץ גֶעבְּרָאכִין דִיא מחוֹת וואו נֶעהְמְט מֶען פַאר דרייזיע ספּרינצען אַחָתָן . מִיא הָאט שׁוֹין אֲפִילוּ אַפָּאר מָאהל יַא אוֹיסְגֶעזוּכְט פַאר אִיר אַחָתָן . אַיין מָאל הָאט מֶען זִיא גֶעוָואלְט פַארְשְׁלַייעֶרִין פַאר זוּנדעל דֶעם שׁוּסְטֶער אַיוֹד פוּן אַיָאהר זֶעכְצִיג וָואס בַּייא אִיהם אִיז דִיא דְרִיטֶע וַוייבּ גֶעשְׁטָארְבִּין . אוּנ אַיין מָאהל פַאר פֶּרֶץ דֶעם שׁוּלְרוּפֶער אַמַאן פוּן אַיָאהר זִיבֶּעצִיג אַהַארְבַּאט יוּדֶעל וָואס זִיצְט שׁוֹין אַיָאהר צְוַואנְצִיג אָן אַוַוייבּ , נָאר דרייזיע ספּרינצע הָאט זַייא נִיט גֶעוָואלְט הָאטְשׁ מִיא הָאט זִיא גֶעזִידֶעלְט אוּנ גֶעמַאכְט מִיט דֶער בְּלָאטֶע צוּגְלַייךְ .

דרייזיע ספּרינצע וַואר חַיקֶע דֶער בֶּעקֶערִינְס אַטָאכְטֶער .

אִיךְ רֶעכִין אַז דִיא גֶעצַיילְטֶע וֶוערְטֶער „חַייקֶע דֶער בֶּעקֶערִינְס אַטָאכְטֶער“ שִׁילְדֶערִין גֶענוּג דרייזיע ספּרינצעס לֶעבֶּענְס

גָעשִׁיכְטֶע אונ איהר יִחוּס, דֶען וָוער הָאט נִיט גִיהָערְט פון חייקע דֶער בֶּעקֶערִין, וָוער וַויים דָאס נִיט אַז צוּ אִיהרֶע קוּכֶענְס אונ צוּא אִיהרֶע בַּייגֶעל אִיז נָאר קֵיין גְלַייכֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וָועלְט נִיטָא. אַלֶע וַוייסֶען אַז בַּייא אִיהר פְּלֶעגְט מֶען קוֹיפִין אֲפִילוּ פַאר דֶעם אַלְטֶען דוּכֶּס פַאמִילְיֶע.

גָעוִויסֶע דְרַייסִיג יָאהר אִיז חייקע גִיוָועזֶען אַבֶּעקֶערִין אִין פיפקע אונ הָאט מְזַכֶּה גִיוָועזֶען אַלֶע שְׁטָאדְטלַייט מִיט אִיהרֶע קוּכֶענְס אונ בַּייגֶעל, אונ אַז זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין הָאט מֶען אִיבֶּערְאַל גִיהָערְט אַהֶסְפֵּד אוֹיף חייקעס קוּכֶענְס אונ גֶעשְׁמַאקֶע בַּייגֶעל, אונ וֶועגִין אִיר בַּת יְחִידָה דרייזיע ספרינצע הָאט קֵיינֶעם גֶעקִימֶערְט, זִיא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַיְתוֹמָה צוּא אִיהר פוּפְצֶעהְנְטֶען יָאר, זִיא אִיז בַּייא דֶער מוּטֶער אַזוֹא גִיוָועזֶען טְהַייעֶר אַז זִיא הָאט אִיהר נִיט צוּגֶעלָאזְט צוּא דֶער אַרְבַּייט זִיא זָאל אִיהר הֶעלְפִין בַּאקִין אִיהרֶע גֶעבֶּעקְס, אונ דַארוּם אִיז דִיא יְתוֹמָה גֶעבְּלִיבֶּען עֶלֶענְד אונ הִילְפְּלָאז אָן שְׁטִיטְצֶע אונ שְׁטִיטְצֶער.

וָואס טוּט אַזָא אָרֶעם קִינְד אִין אַזָא לַאגֶע, גֶעוָואהְנְלִיך הָאט זִיא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דִינֶען נור אַלֶע וָואךְ אִיז זִיא אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיף אַיין אַנְדֶער אָרְט וַוייל זִיא אִיז נִיט גֶעוָואהְנְט גֶעוָוארִין מִיא זָאל זִיא נִיאַנְטְשֶׁען. מִיא הָאט אִיבֶּערְאַל עֶרְצֶעהלְט פוּן אִיהרֶע נַארִישְׁקַייט אונ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ גֶעהַאלְטִין אִין דִיא זַייטֶען לַאכֶענְדִיג הֶערֶענְדִיג וִויא דִיא נַארִישֶׁע מויד הָאט קֵיין שֵׂכֶל נִיט פוּן דַאנֶען אַהִין, אונ וואו מִיא פַארְשַׁאפְּט זִיךְ מִיט אִיהר מַאכְט זִיא אַהֶיזֶק.

אִין פיפקע אִיז יֶעדֶע קְלֵיינִיגְקֵייט אַנַייעֶס, פוּן יֶעדֶע קְלֶענְסְטֶע זַאךְ מַאכְט מֶען אַגַאנְצֶען וֶועזֶען אונ מִיא רֶעדְט פוּן דֶעם ווִיא פוּן אַוִויכְטִיגֶע עֶרְאֵייגְנִיס, דַארוּם אִיז קֵיין וואוּנְדֶער וָואס מִיא הָאט אוֹיךְ וֶועגֶען דֶער אָרְמֶער דרייזיע ספרינצען גִירֶעדט אִין אַלֶע גַאסִין, מִיא הָאט זִיךְ זָאנַאר לוּסְטִיג גֶעמַאכְט

(יאקעל מאפש) איבער

איבער דיא פעמש מים דיא קולאקעס וואס איהרע בעל הביתטעס האבין איהר מכבד גיוועזן. אונ דיא דרייזיע ספרינצע איז אזוא אריין אין דער מאדע אז ווען מיא האט באדארפט עפעס אפרויא פארשטעלין אלס אנאכלעסיגע אדער וויא מען רופט דאס אין דער ליטא אשלימזלניצע האט מען זיא גערופין „דרייזיע ספרינצע". אונ דער נאמען האט שוין גענוג גיגעבין צו פערשטעהן אז יענע פרויא איז אפוילע אשלימזלניצע אונ קאן אקאטץ איין עק ניט פערבינדען.

פינף יאהר האט זיך דרייזיע ספרינצע געוואנגעלט פון איין בעל הביתטע צו דער צווייטער, נאר פלוצלונג אין אשיינעם טאג האט זיך דיא שלימזלניצע גענעצט אין מארק מיט אקאשיק פרוכט צוא פארקויפין.

עס איז ווייטער געווארין אגייד אין שטעדטיל וועגין דעם נייעס. מיא האט זיך געבראכין דיא מחות צו קלערין וואו האט דיא שלימזלניצע גענומען געלד אויף אקאשיק עפעל אונ בארין אונ ווער האט זיא צוגירעדט זיא זאל ווערין אמארק זיטצערין, מיא האט אבער גאר ניט ערקלערט, אונ ביסליך איז מען אזוא צוגעוואהנט געווארין דער צוא אויך ביז דאס האט אויפ־גיהערט צוא זיין אחידוש, אונ מיא האט אויפגיהערט וועגין דעם צו ריידען.

זעהער איינע אינטערעסאנטע פערזאן איז גיוועזן דרייזיע ספרינצע. זיא וואר הויך וויא דער גרעסטער מאנספערזאן אונ דאר וויא אסקעליעט, זא דאס זיא האט אויסגיזעהן וויא אלאנגער שטעקין, דארום האט זיא בעקומען דעם נאמען „דרייזיע ספרינצע דיא לאנגע", אונ דיא פיפקער צדקניותין האבין אנ־געהייבען וועגין איהר שטארק צוא טראכטין וויא אזוא פער־שלייערט מען זיא.

פיר (יאקעל מאַס)

מִיר־הָאבּין שוין פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא חֲתָנִים פַאר וָועלְכֶע מִיא הָאט זִיא גֶעוָואלְט אָבְּגֶעבִּין, נָאר דִיא לַאנְגֶע מויד הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערִין פוּן זַייא, דָאס אִיז וַוייטֶער גִיוֶועןְ אַוואונְדֶער דִיא אָרְמֶע מויד דִיא שְׁלִימְמַזְלְנִיצֶע זָאל נִיט וֶועלִין חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אַזֶעלְכֶע עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען וִויא זונדעל דֶער שׁוּסְטֶער אוּנ פרץ דֶער שׁוּלְרוּפֶער זַיינֶען.

אַיין מָאהל גֶעדֵיינְק אִיךְ, דָאס אִיז גִיוֶוען וִוינְטֶער בֵּין מִנְחָה לְמַעֲרִיב, אִיךְ בִּין גִיזֶעסִין אִין דֶער שְׁנַיידֶערְשֶׁער קְלַייזֶעל (דֶען דָארְט וַואר אוּנְזֶער יְשִׁיבָה) אוּנ הָאבּ זִיךְ אַיינְגִיהֶערְט וִויא דִיא שְׁנַיידֶער דֶערְצֵיילֶען אַיינֶער דֶעם צְוַוייטֶען נַייעֶס פוּן פָּאלִיטִיק פוּן חַזָנִים, אוּנ פוּן זַייעֶרֶע שְׁטוּבִּיגֶע גִישֶׁעפְטִין, אִיז אַרַיינְ־גֶעפְלוֹיגִין הערשקע צימעס דֶער שְׁנַיידֶער אַפָּערְסָאפֶּעטֶער, עֶר הָאט גָאר דֶעם אָטְהֶעם נִיט גֶעקָאנְט אָבְּצִיהֶען אוּנ הָאט אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן: רַבּוֹתַי אִיהר הָאט שוין גִיהֶערְט פוּן דֶעם נַייעֶס?

וָואס פַאר אַנַייעֶס? הָאבִּין אַלֶע נַייאגִיעֶרִיג גִיפְרֶעגְט.

וָואס אִיהר וַוייסְט נָאר נִיט — הָאט הערשקע צימעס גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיא הָאט דָאךְ עֶרְשְׁט גֶעחַאפְּט יאקעל מאפס מִיט דרייזע ספרינצע דֶער לַאנְגֶער.

וָואס רֶעדט אִיהר רבי הערש? — הָאבִּין אַלֶע אַזוֹא אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעפְרֶעגְט פוּנְקְט וִויא זַייא זָאלִין הֶערִין אַז דִיא וֶועלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּער גֶעקֶעהְרְט.

יַא יַא דָאס אִיז אֶמֶת וִויא מִיר הָאבִּין אִיצוּנְד נַאכְט — הָאט הערשקע גִיעֶנְטְפֶערְט, גֶעהט אַרוֹיס אוֹיף דֶעם שׁוּלְהוֹיף וֶועט אִיהר שׁוין הֶערִין.

אַלֶע שְׁנַיידֶער אוּנ אַלֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִים אוּנ אִיךְ מִיט
(יאקעל מאפס) וִויא

זייא זיינֶען אַרויסגֶעלָאפֶען פון קְלויז וויא מִיא זָאל אונז אָנְזָאגֶין אַז דִיא קְלֵייזֶעל בְּרֶענְט , אִין מִידר אִיז גֶעוָוארִין אַזַא אֵיינְגֶשַׁאפְּס אַזַא שְׁטִיקֶערַייא אַז מִיא אִיז טַאקִי שִׁיעֶר דֶערשְׁטִיקְט גֶעוָוארִין .

אַלְס אִיךְ בִּין אַרוֹיס אִין שוּלְהוֹיף הָאבּ אִיךְ דֶערזֶעהֶען אַגְרוֹיסִין נַארָאד מֶענְטְשִׁין דֶען פון אַלֶע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים אוּנ פון אַלֶע קְלַייזְלַאךְ אִיז מֶען צוּזַאמֶען גֶעלָאפִין אַהֶער . אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אַבַּעשׁ אַנֶעטוּמֶעל , אוּנ פון דֶעם מְהוּמָה הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט וויא מִיא שְׁרַייט : מִיא מוּז אִיהם פַאר אַיְין אָבְּגֶעבִּין אוּנ אִיהר שְׁמַייסֶען אִין מִיטֶען מַארְק . מִיא דַארְף זַייא שְׁלֶעפִּין צוּם רָב . מִיא דַארְף זַייא פַארְשְׁפַּארֶען אִין קָהָל שְׁטִיבֶּעל ;

אִיךְ בִּין זֶעהֶער נֵייאַגִיעֶרִיג גִיוֶוען צוּא וִויסֶען וָואס דָא טוּהְט זִיךְ . דֶען אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס בַּאדַייטִין דִיא וֶוערְטֶער „מִיא הָאט זַייא גֶעחַאפְּט" פַאר וָואס הָאט מֶען זַייא גֶעהַאפְּט זַייא זַיינֶען דֶען אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין , הַיינְט פַאר וָואס זַיינֶען זַייא אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין ? אוּנ פַאר וֶועמֶען ?

עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ עֶרְפַאהְרֶען דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה רִיכְטִיג .

---

## ג.

## דֶער קְלוּגֶער גְזַר דִין .

אִיךְ מוּז נָאךְ אַמָאל אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן : נִיטָא אַמָאהלִינֶע יָאהרֶען !

מִיר הָערֶען בָּרוּךְ הַשֵּׁם הַיינְט וִויא יֶענֶער בָּחוּר רָאמַאנְסִירְט מִיט יֶענֶער טויד. מִיר זָעהָען פְרֶעמְדֶע בָּחוּרִים גֵייעֶן סְפַּאצִירֶען מִיט פְרֶעמְדֶע מֵיידֶען. מִיא עֶרְצֵיילְט אוּנְז אַז זֵייא הַאלוּבֶּען אוּנ קוּשֶׁען זִיךְ אוּנ אוּנְז אַרְט דָאס גָאר נִיט. אַמָאהל אִיז אָבֶּער גָאר אַנְדֶערְשׁ גִיוועֶן. אַמָאהלִיגֶע עֶהרְלִיכֶע יוּדֶען הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אַזֶעלְכֶע גִישֶׁעפְּטֶען פְרֶעמְדֶע מַאנְסְבִּיל זָאלֶען הָאבֶּען סוּדוֹת מִיט פְרֶעמְדֶע ווייבֶּער אָדֶער מֵיידְלַאךְ. אוּנ ווֶען מִיא הָאט יָא דֶער זָעהֶען אַזַא זַאךְ זֵיינֶען דִיא בֵּיידֶע דֶער מַאנְסְבִּיל מִיט דֶער נְקֵבָה מִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער גִיוועֶן. מִיא הָאט זֵייא פֶערְפָאלְגְט אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט אוּנ שְׁרִיט, מִיא הָאט זֵייא בֶּעשְׁטְרָאפְט מִיט אַזַא שְׁטְרָאף אַז אוֹיף אַלֶע הוּלְטַאיֶעס אִיז גֶעפַאלֶען אַמוֹרָא, אוּנ מִיא הָאט שָׁאן גֶעצִיטֶערְט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען צוּ טָאהן. ווֶער רֶעדְט אַז אַזַא מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אִין דֶער נִידֶערִיגֶער קְלַאסֶע ווֶען לְמָשָׁל אַבַּעל מְלָאכָה אָדֶער אַזוֹי אַפְּרָאסְטֶער מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט אַפְּרוּיא פוּן זַיין מַדְרֵגָה דַאן הָאט מֶען זִיךְ אָן זֵייא נוֹקֵם גִיוועֶן וִויא אִין הָמֶעְ'ן ווֶער עֶס הָאט גָאר גֶעהַאט אַהַאנְד הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ ווֶער עֶס הָאט גֶעהַאט צֵיין הָאט זֵייא גֶעבִּיסֶען.

הַיינְט שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אַז אַזַא גֶעשִׁיכְטֶע רַחֲמָנָא לִצְלָן הָאט גֶעטְרָאפֶען בַּייא יאקעל מאפס אוּנ בַּייא דרייזיע ספרינצען, צְווייא עֶלֶענְדֶע אָרֶעמֶע מֶענְטְשְׁלִיךְ. וָואס זֵיינֶען בַּייא יֶעדֶען לָלַעג וּלְקֶלֶס צוּ שַׁאנְד אוּנ צוּ שְׁפָּאט פֶערְשְׁטֵייט אִיהר שָׁאן וָואס פַאר אַרוּשֶׁם דָאס הָאט גֶעמַאכְט אִין שְׁטֶעדְטִיל. ווֶען זֵייא זָאלֶען בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה דָא זַיין צְווִישֶׁען דֶעם אַרָאד וואלְט מֶען זֵייא דָא גֶעווִיס אִין שְׁטִיקֶער צוּ רִיסֶען, זֵייא זֵיינֶען אָבֶּער צוּ זֵייעֶר גְלִיק דָא נִיט גִיוועֶן דַארוּם הָאט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע פוּבְּלִיקוּם יֶעצְט בֶּעגֶענִיגְט נָאר מִיט שְׁרַייעֶן אוּנ לַארֶעמֶען.

יאקעל מאפס אבער

אָבֶּער וָואס אִיז דָארְט גִיוָועָן פַאר אַסאַפֶּעגְעשׁ ? — הָער אִיךְ דִיא לָעזֶער פְרָעגֶען ׃

דִיא מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹיא גִיוָועָן ׃

טעמע סאסיע דִיא וָואס הַאלְט דָעם קֶעלֶער פוּן שׁוּל אִין דָער אַרֶענְדֵיי צוּ הַאלְטֶען דָארְט דִיא פְרוּכְט וָואס זִיא פֶערְקוֹיפְט אַלֶע מַארְקְזִימְצֶערִינְס ׃ דִיא טעמע סאסיע דַארְפְט אִיהר וִויסֶען אִיז גִיוָועָן אַזַא אֵשֶׁת חַיִל וָואס מִיא בַּאדַארְף זוּכֶען אוּנ זִיפֶען, אִין דֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאט זִיא בַּייא זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אַפָּאר תְּחִינוֹת אוּנ וָוען זִיא אִיז נָאר גִיזָעסֶען לֵיידִיג הָאט זִיא אִין זַייא גֶעזָאנְט אוּנ הָאט אוֹיף זַייא פֶערְגָאסֶען יַמִים טְרָערֶען ׃

זִיא הָאט גֶעבַּאךְ גֶעהַאט וָואס צוּ קְלָאגֶען דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע טעמע סאסיע, דֶען זִיא זִיצְט שׁוֹין פוּפְצֶעהֶען יָאהר אַיין אַלְמָנָה אוּנ קִינְדֶער וִויל מִיט אִיהר קַיין חֲתוּנָה נִיט הָאבֶּען וַוייל נִיט פַאר אוּנְז גֶעדַאכְט זִיא הָאט קַיין נָאז נִיט ׃ זִיא הָאט שׁוֹין אַמָאהל גֶעוָואלְט חֲתוּנָה הָאבֶּען חָאטְשׁ מִיט הערשעל דָעם וַואטֶענִיק וָועלְכֶער הָאט שׁוֹין קַיין כֹּחַ צוּ אַרְבֵּייטֶען אוּנ עֶר עֶסְט אוֹיף פְרֶעמְדֶע טִישֶׁען פוּן אַיָאהר צְוָעהֶען, אָבֶּער דֶער אַלְטֶער וַואטֶענִיק הָאט זִיא אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט אוּנ עֶר הָאט גֶעהַאט דִיא הָאזֶע צוּ עֶנְטְפֶערִין דָעם שַׁדְכָן וָועלְכֶער הָאט אִיהם דָעם שִׁדוּךְ גִירֶעדְט ׃ אִיךְ וִויל הָאבֶּען אַזַא וַוייבּ וָואס אִיךְ זָאל זִיא קָאנֶען פִיהְרֶען בַּייא דֶער נָאז, טעמע סאסיע וָועל אִיךְ אָבֶּער דָאס נִיט קֶענֶען טָאהן וַוייל זִיא הָאט קַיין נָאז נִיט ׃ דַארִיבֶּער וִויל אִיךְ זִיא נִיט קֶענֶען ׃

נוּא קָאן מֶען נִיט צוּפְלַאצְט וָוערִין פוּן אַזָעלְכֶע וָוערְטֶער ׃

אוּנ טעמע סאסיע אִיז טַאקֶע צוּפְלַאצְט גֶעוָוארֶען, זִיא הָאט אִימֶער גִיהֶערְט אִין שׁוּל וִויא דִיא וַוייבֶּער בֶּעטֶען דָעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פַאר זַייעֶרֶע מַאנֶען, נָאר זִיא אַלֵיין מוּז דִיא תְּפִלָּה אִיבֶּער הִיפֶּען ׃ אוּנ אִיהר בַּאדַארְפְט נִיט פֶערְגֶעסֶען מַיינֶע לִיבֶּע

לֶעזֶער אַז דִיא אֵשֶׁת חַיִל אִיז נָאךְ גִיוֶועזְן אִין דִיא בֶּעסְטֶע יָאהְרֶען זִיא אִיז נָאךְ קֵיין פוּפְצִיג יָאהר נִיט אַלְט גִיוֶועזְן.

אִיהר גַאנְצֶער כַּעַס הָאט טעמע סאסיע אויס גֶעלָאזְט צוּא דִיא הוּלְטַאיֶעס אונ צוּ דִיא הוּלְטַאיְקֶעס, הָאט זִיא דֶערְזֶעהֶען אַז אַמַאנְסְפֶּערְזָאהן רֶעדְט מִיט אַפְּרוּיא הָאט זִיא גֶעמַאכְט קוֹלוֹת אונ גֶוואלְדִין אַז קֵיין אַיינְזֶעהֶענִים אִיז גָאר אִין שְׁטָאדְט נִיטָא. וֶוען זִיא הָאט גִיזֶעהֶען אֲפִילוּ אַז אַמַאן רֶעדְט מִיט זַיין אַיינֶען ווייב פְרַיינְדְלִיךְ הָאט זִיא אוֹיךְ גֶעלַיארְעמְט אַז דָאס אִיז אַיין עֲוָלָה, אונ הָאט גֶעבְּרַאכְט אַרַאיָה פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ וָואס עֶר הָאט זַיין וַוייבּ שָׂרָה גָאר נִיט גֶעקָאנְט בִּיז זִיא זַיינֶען צוּ אַווַאסֶער צוּא גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען אִיהר שַׁיין פָּנִים אִין וַואסֶער.

קוּרְץ גִירֶעדְט טעמע סאסיע אִיז גִיוֶועזְן אַיין אָמֶתֶע אִשָּׁה כְּשֵׁרָה אַוואהְרֶע צְנוּעָה.

זִיא הָאט פֶּערְקוֹיפְט, וִויא מִיר הָאבֶּען עֶרְצֵיילְט אַלֶע מַארְק-זִימְצֶערִינְס פְּרוּכְט. עֶס פֶּערְשְׁטֵייט זִיךְ אַז אוֹיךְ דרייזיע ספרינצע הָאט בַּייא אִיהר פְּרוּכְט גֶעקוֹיפְט. אונ זִיא הָאט שָׁאן בַּייא אִיהר גֶעהַאט אַהִיבְּשֶׁען קְרֶעדִיט. זִיא פְלֶעגְט דֶער לַאנְגֶער מוֹיד גֶעבִּין אוֹיף בָּארְג פַאר דְרַייא גִילְדֶען פְּרוּכְט.

אִין דֶעם טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ דֶער מָאהְנְט, הָאט טעמע סאסיע בַּאדַארְפְט זַייעֶר נֵייטִיג הָאבֶּען גֶעלְד. דַארוּם אִיז זִיא גֶעלָאפֶען צוּ אִיהְרֶע סוֹחֲרָטֶעס אוֹיפְמָאהְנֶען דִיא חוֹבוֹת וָואס אִיהר קוּמְט, אונ זִיא אִיז צוּ אוּנְזֶער דרייזיע ספרינצען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אַהֵיים.

דרייזיע ספרינצע הָאט גֶעוָואהְנְט אִין אַפֶּערְוָוארְפֶען גֶעסֶעל בַּייא דֶער בּאבע מייטע אִין שְׁטִיבֶּעל. אונ אַהִין אִיז דָאס טעמע סאסיע גֶעקוּמֶען פַאר נַאכְט אוֹיפְמָאהְנֶען דִיא דְרַייא גִילְדֶען וָואס אִיהר קוּמְט.

יאקעל מאסס אֲרִים

אלם זיא איז אריינגעקומען אין שטיבעל האט זיא דא קיינעם ניט געטראפען דען דיא באבע מייטע איז גיוועזן בייא אקינפעטארען, אונ דרייזיע ספרינצע איז דא אויך ניט גיוועזן טעמע סאסיע האט זיך זייער געוואונדערט וואס מיא האט דא געלאזט דיא שטוב אפפען . אונ זיא האט פערשטאנען אז אימעצער מוז דא יא זעהען נאר ער האט געמוזט ארויס גיין, דארום האט זיא זיך גיזעצט אויף אבאנק אונ האט געווארט :

פלוצלונג האט זיא דער הערט עפעס אשטילען געשפרעך פון צווייא מענטשען זיא האט זיך גוט איינגיהערט אונ האט באמערקט אז דיא שטימען קומען פון דער קאלטער קאמער וועלכע האט געדינט דער באבע מייטע פאר אשפייז שאפפע, זיא האט אנפאנגס געמיינט אז גנבים זיינען אין דער קאממער אריינגעקראכען, דארום איז זיא צו געגאנגען אויף דיא שפיטצען פינגער צום טיהר פון דער קאמער אונ האט זיך אויפמערקזאם איינגיהערט וואס מיא רעדט דארט . אונ וויא פערוואונדערט איז זיא געווארען אז זיא האט נאר ערהערט אז דארט קושט מען זיך . טעמע סאסיע האט זיך שאן ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט גיעפינט דיא טיהר . אונ שטעלט אייך פאר איהר איבער־ראשונג אז זיא האט דערזעהען יאקעל מאפס מיט דרייזיע ספרינצען זיינען זיך גיזעסען איינער נעבען צווייטען וויא אפאר טייבעלאך .

אקויל האט מיך געשאסען! אדונער האט מיך דערשלאגען! הולטאיעס וואס טוהט איהר דאס דא? — האט זיא אויף איהר קוויטשיג קעלכעל געשריען .

יאקעל מאפס מיט דרייזיע ספרינצען זיינען ערציטערט געווארען אלם זייא האבען נאר פלוצלונג טעמע סאסיען פאר זיך דערזעהען, זייא האבען פערשטאנען אז קיין האניג וועלען זייא פון איהר ניט לעקען, אונ זיא וועט געוויס מאכען פון

דעם וואס זיא האט זייא געטראפען אנאנצען וועזען, דארום האבען זייא מיט טרערען גיבעטען זיא זאל אויף זייא רחמנות האבען אונ זאל קיינעם ניט ערציילען אז זיא האט זייא דא צו זאמען געטראפען.

נאר טעמע סאסיע האט זיך נאך העכער צוקוויטשעט אונ האט געשריען: וואס מיינט איהר אייך הולטאייעס אז צו ליב אייך וועל איך אזא עבירה פערשטיקען? גיין באלד וועט דאס וויסען דיא גאנצע שטאדט, אונ מיא וועט אייך ווייזען וויא צו זיין אזעלכע אפיקורסים אזעלכע הולטאיעס.

אונ דיא צדקניות טעמעס סאסיע האט טאקע געהאלטען ווארט, זיא איז באלד אוועק געלאפען אויפין שולהויף אונ האט געמאכט אגוואלד אז זיא האט געכאפט יאקעל מאפס מיט דרייזיגע ספרינצע דער לאנגער ביי דער באבע מייטע אין דער קאלטער קאמער, זיא האט דאביי נאך צו גיגעבען עטליכע ליגענס אונ באלד האט מען דאס געוואוסט אין אלע שולען אונ אין אלע קלייזליך.

מיין פעדער איז צו שוואך פארצושטעלען וואס פאר ארעש דיא נאכריכט האט אנגעמאכט.

עס האט זיך געקאכט אין פיפקע, עס האט געראעשט יענעם גאנצען אבענד דער עולם האט גאר קיין חשק געהאט אוועק צוא גיין פון שולהויף. מיא האט אלץ געטאיינעהט אונ גערעדט, יעדער איינציגער האט געזאגט זיין עצה װאס מיא זאלל טאהן מיט דיא הולטאיעס מיט דיא אפיקורסים.

אויך אונזער רב האט ניט געשוויגען ער האט צוא זאמען גערופפען דיא שענסטע בעלי בתים צו זיך אהיים אונ האט זיך מיט זייא איין עצה געהאלטען וואס מיא זאל טאהן מיט יאקעל מאפס אונ מיט דרייזיגע ספרינצען.

בִּיז צְוַייא דֶעם זַיינֶער נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט הָאט מֶען אַלְץ גֶעקְלֶערְט וֶועגִין דֶער וִויכְטִיגֶער זַאךְ, אונ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבִּין מִיא זָאל צושְׁמִיעֶדֶען יאקעל מאפס צוא דרייזיע ספרינצען מִיט אַקֵייט אונ מִיא זָאל זַייא אַרום פִירֶען אִיבֶּער אַלֶע גַאסִין, דִיא שַׁמָשִׁים פון אַלֶע שולֶען זָאלִין דֶער בַּייא הֶערְאוּם גֶעהן מִיט פּוּשְׁקֶעס אונ זָאלִין שְׁרַייעֶן: צדקה תציל ממות!

אויף מָארְגִין אִין דֶער פְּרִיה צוּם דַאוְונֶען הָאבִּין דִיא שַׁמְשִׁים אויסגֶערופִּין אִין אַלֶע שולֶען דֶעם פְּסַק וָואס מִיא הָאט אַרוֹיס גֶעגֶעבִּין יאקעל מאפס מִיט דרייזיע ספרינצען אונ אַלֶע זַיינֶען גִיוֶועןְ זֶעהֶער צופְרִידֶען מִיט דֶעם קְלוּגֶען פְּסַק.

---

# ד.

## דֶער שַׁייגֶעץ.

יאקעל מאפס מִיט דרייזיע ספרינצען הָאבֶּען גֶעוואוּסט אַז זַייא וֶועלִין הָאבִּין אַשְׁוַוארְצֶען פִינְסְטֶערִין סוֹף דורךְ דֶער בֶּעזָנְאסֶער טעמע סאסיען דַארום הָאבִּין זַייא אַלְס זִיא אִיז אַוֶועק גֶעלָאפִּין אָנְגֶעהֵייבִּין צו קְלֶערִי וָואס זַייא זָאלִין יֶעצְט טָאן.

דִיא בֵּיידֶע זִינְדִיגֶע נְשָׁמוֹת הָאבִּין רָאמַאנְסִירְט שׁוֹין פון אַיָאהר. יאקעל מאפס הָאט גֶעמַאכְט דרייזיע ספרינצען פַּאר אַפְּרוּכְט פֶּערְקֵייפֶערִין, דַאמִיט וָואס עֶר הָאט אִיהר גִיגֶעבִּין אַפָּאר רוּבֶּעל זִיא זָאל דֶעם גִישֶׁעפְט מַאכִין. עֶר פְלֶעגְט אַלֶע פַארְנַאכְט צו אִיר קוּמֶען אונ אַלֶע מָאל הָאט עֶר אִיר עֶפֶּעס גֶעבְּרַאכְט, אַמָאל אַבֵּיגְלֶע, אַשְׁטִיקֶעל פְלַייש, אַשְׁטִיקֶעל טָארְט. אונ זִיא פְלֶעגְט אִיהם מְכַבֵּד זַיין מִיט אַגוּטֶען עֶפֶּעל אָדֶער מִיט אַיין אַנְדֶער פְּרוּכְט.

דָא הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט אַפְּרָאסְטֶע אַיינְפַאכֶע פְּשׁוּטֶע

ליבּע אָן קונְצֶען • מיא האָט ניט גֶעזוּנְגֶען קיין לידער, מיא האָט ניט גֶעטַעֲנָהט פַאר דער לְבָנָה, מיא האָט אויך ניט גֶעשְׁרִיבֶּען קיין ליבּע בְּרִיף, נאָר מיא האָט פְּשׁוּט זיך ליב גֶעהַאט אוּנ זייא האָבּין אָבְּגֶעמַאכְט זייא זאָלין בֵּיידֶע חֲתוּנָה האָבּין ווען זייא וועלין זיך אַבּיסֶעלֶע בֶּעקְלֵיידֶען אוּנ וועלין זֶעהֶען אַז נאָך דער חֲתוּנָה וועלין זייא ניט שְׁטַארְבּין פוּן הוּנְגֶער •

קיינֶער האָט פוּן דער גֶעהֵיימֶער ליבֶּע גֶעוואוּסְט אֲפִילוּ דיא בָּאבָּע מייטע וואָס בּייא איהר אין שְׁטִיבֶּעל האָבּין זיך דיא פַארְליבְּטֶע גיזֶעהֶען, אויך זיא האָט פוּן קיין זַאךְ גֶעוואוּסְט דֶען יאקעל פְלֶעגְט אַהִין קוּמֶען פַארְנַאכְט אין דער צייט ווען דיא בָּאבֶּע מייטע גֶעהט אַוֶועק דַאוְונֶען מִנְחָה אוּנ מַעֲרִיב • זיא האָט אֲפִילוּ אַיין מָאהל יַא גֶעטְרָאפִין קוּמֶענְדִיג פוּן שׁוּל בּייא זיך אין שְׁטוּבּ יאקלען אָבֶּער עֶר האָט אוֹיסְגֶעזוּכְט אַזַא תִּירוּץ וואָס האָט איהר פַארְעֶנְטְפֶערְט דיא קַשְׁיָה „וויא קוּמְט עֶר אַהֶער ?“

יֶעצְט אַז עֶס האָט זיך גֶעמַאכְט אַזַא אוּנְגְלִיק האָט יאקעל מאפס זיין דרייזיע ספרינצען אַוֶועק גֶעפִירְט דְרַייא ווֶיעֶרְסְט אוּנְטֶער דער שְׁטָאדט דֶען דָארְט האָט גֶעוואָהנְט איהרֶע אַ קְרוֹבָה אַיין אָרְמֶע יוּדֶענְע, זייא האָבּין איהר דֶערְצֵיילְט דעם אֱמֶת אַז זייא זיינֶען חָתָן כַּלָּה זייא ווילֶען חֲתוּנָה האָבּין, אוּנ פוּן דער גֶעשִׁיכְטֶע מִיט טעמע סאסיען • דיא קְרוֹבָה איז אֲפִילוּ אויך שְׁטַארְק אין כַּעַס גיוועֶן דער פַאר וואָס זייא זיינֶען גיזֶעסִין אָן אַשׁוֹמֵר אין דער קאלְטֶער קאמֶער, נאָר זיא האָט אויף דרייזיע ספרינצען בְּחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּנ האָט זיא בֶּאהַאלְטִין בּייא זיך בּיז דער רַעַשׁ וועט איבֶּער גֶעהן, אוּנ יאקעל מאפס איז צוּרִיק אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אין שְׁטָאדט •

עֶר האָט דיא גַאנְצֶע נַאכְט ניט גֶעקָאנְט שְׁלָאפִין אַלְס עֶר האָט זיך פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וואָס מָארְגִין וועט זיך טָאן אין שְׁ־אדט,

(יאקעל מאפס)

וויא

וויא אַלֶע װעלין פון איהם ביידען,, וויא מיא וועט אויף איהם
טײטלען מיט דיא פינגער. אונ ווער ווייס אֶפְשַׁר וועט מען
אים נאך באשטראפין אויך. ער האט זיך בעשלאסען ערצעדלען
דיא מַעֲשֶׂה לייזערקען אונ פרעגין ביא אים אַיין עֵצָה וואס ער
זאל איצט טאהן, וויא אַזוֹא ער זאל פארשטאפען אַלעמען דיא
מיילער. ער האט געוואוסט אַז ביא לייזערקען איז דאס קיין
עוֹלָה ניט וואס ער האט זיך געקושט מיט אַפרעמד מיידעל,
דען ער האט אַליין גיזעהען וויא לייזערקע האט זיך פיל מאל
געקושט מיט אַיין פרעמדע מיט דעם פיפקער נאראדניטשעס
טאכטער.

אַלס לייזערקע איז אויך מֵאָרְנִי׳ אויפגעשטאנען אונ האט
זיך געזעצט טרינקען קאפפע איז יאקעל מאפס צוא איהם צו
געגאנגען אונ האט געזאגט: איך וויל אייך עפעס דערציילען:

נוא דערצייל יאקעלע — האט לייזער לאכענד גיענטפערט:
איך ווייס אָבער אַז איר וועט פון מיר לאכען ווען איר
וועט מיין מַעֲשֶׂה הערין.

אַזא לאכעדיגע געשיכטע ווילסט דוא מיר ערצעהלע?
נוא רייד זשע שוין.

איך וויל חֲתוּנָה האבין — האט יאקעל געזאגט פארשעמט
אונ האט אַהוסט געטאן.

דער פון איז ניטא וואס צוא לאבין איך וויל דאס אויך.
ביא אייך איז אַיין אַנדערע זאך אונ ביא מיר איז ווייטער
אַיין אַנדערע זאך. אַגביר מאג אַלץ טאן אַלץ וועלין, אָבער אַזא
מְשָׁרֵת וויא איך בין טאהר קיין זאך ניט טאן אונ ניט וועלין.
חֲתוּנָה האבין מאגין אַלע וועלין. אָבער דערצייל ווייטער
אויב דוא האסט וואס.

איהר ווייסט דאך אַז אַזא קַבְּצָן וויא איך בין קאן גיט
האפען אויף גרויסע גליקען דען וועלכע רעבט מיידעל וויל דאס

חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אַמְשָׁרֶת אונ נָאךְ אַזַא מְשָׁרֵת ווִיא אִיךְ בִּין ווָאס מִיא רופְט מִיךְ יאקעל מאפּס, דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מִיר אויסְגֶעזוכְט אַכַּלָה ווָאס ווִיל מִיךְ יַא.

נוא מַזָל טוב דִיר! אִיז זִיא חָאטְש אַשֵׁיין מֵיידֶעל?

אַייךְ ווָאלְט זִיא גֶעווִיס נִיט גִיפֶעלִין, נָאר מִיר אִיז זִיא שְׁטַארְק גִיפַעלִין.

ווֶער אִיז זִיא? אִיךְ קָאן זִיא?

אִיהר קָאנְט זִיא זֶעהֶער גוט זִיא הָאט אַייךְ עֶרְשְׁט מִיט אַפָּאר טֶעג פְרִיהֶער גֶעבְּרַאכְט אַטוץ גוּטֶע עֶפֶּעל.

וועֶמֶען מֵיינְסְט דוא? אֶפְשָׁר דֶער לַאנְגֶער מויד דרייזיע ספרינצען?

יַא יַא אִיךְ מֵיין טַאקִי זִיא.

אַזַא כַּלָה הָאסְטוּ זִיךְ אויסְגֶעקְלִיבֶּען? חַא הַא חַא! — הָאט זִיךְ לייזער צוּלַאכְט.

אַהַא זֶעהט אִיהר ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעטְרָאפֶען אַז אִיר ווֶעט פון מִיר לַאכֶען, נָאר דָאס אַרְט מִיךְ ווֶענִיג. אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ שׁוין גֶעזָאגְט אַז אַייךְ ווָאלְט זִיא גֶעווִיס נִיט גִיפֶעלִין אונ בַּייא מִיר אִיז זִיא טַייעֶרֶער פון אַבַּת מַלְכָּה. דָא אִיז אָבֶּער פַארַאן דָערְבַּייא נָאךְ אַמַעשֶׂה ווָאס אִיהר ווֶעט נָאךְ מֶער לַאכִין אַז אִיהר ווֶעט זִיא הֶערִין, אונ מִיר נִיסְט זִיךְ בְּלוּט פון דִיא אויגֶען אַז אִיךְ דֶערמָאהן מִיךְ אָן אִיהר.

אִיךְ בִּין זֶעהֶער נַייאגִיעֶרִיג צוא הֶערִין ווָאס אִיז דָאס פַאר אַמַעֲשָׂה.

יאקֶעל מאפּס הָאט אִים עֶרְצֶעהלְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע מִיט טעֶמֶע כאסיען. אונ הָאט גִיעֶנְדִיגְט מִיט דִיא ווֶערְטֶער: אִיךְ ווַייס גֶעווִיס אַז דִיא יודֶענֶע הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַסוּמַאטָאכֶע אִין שְׁטָאדט. זִיא הָאט בְּוַדַאי דֶערְצֵיילְט נָאךְ עֶטְלִיכֶע לִיגֶענְס אויךְ, אונ ווֶער ווַייס ווָאס מִיט מִיר אונ מִיט דרייזיע ספרינצען ווֶעט דָא ווֶערִין.

דָאס זאִיז גָאר ? — הָאט לייזערקע גְלַאבֶּענְד גֶעפְרֶעגְט .

דָאס אִיז אַיךְ וָוענִיג ?

נוא נוא זַייא רוּהִיג דִיר וֶועט קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גִישֶׁעהָען — הָאט אִיהם לייזערקע בֶּערוּהִיגְט — זָאל פְּרוּבֶען אִימֶעצָער דִיךְ אָדֶער דַיין כַּלָה מִיט אַפִינְגֶער בֶּערִיהְרָען וֶועסְטוּ זֶעהֶען וִויא אִיךְ וֶועל מִיךְ מִיט זַייא אָבְּרֶעכֶענֶען .

עֶר הָאט נָאךְ דִיא וֶוערְטֶער נִיט גִיעֶנְדִיגְט אַלְס דֶער שַׁמָש פוּן שוּל אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט צוּ יאקלען , דֶער רָב הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט דִיר זָאגִין דוּא זָאלְסְט דִיא מִינוּט צוּא אִיהם קוּמֶען , אָבֶער טַאקִי דִיא מִינוּט .

וָואס בַּאדַארְף אִים דֶער רָב ? — הָאט לייזערקע גִיפְרֶעגְט .

מִיא בַּאדַארף אִים דֶעם הוּלְטַאי צוּשְׁמִידֶען מִיט אַקֵייט צוּ דֶער חֲצוּפָּה דרייזיע ספרינצען אוּנ זַייא אַרוּם פִּיהֶרֶען אִיבֶּער אַלֶע גַאסֶען מִיט צְדָקָה פּוּשְׁקֶעס , דֶער פַאר וָואס צוּלִיב זַייעֶרֶע חֲטָאִים שְׁטַארְבֶּען קְלֵיינֶע קִינְדֶער .

גֶעה זָאג דֶעם רָב אַז יאקעל הָאט קֵיין צַייט נִיט צוּא גֶעהְן צוּא אִיהם — הָאט לייזערקע גִיעֶנְטְפֶערְט — זָאג אִים אַז אִיךְ לָאז אִיהם נִיט גֶעהְן .

וָואס הֵייסְט דָאס עֶפֶּעס אִיהר לָאזְט אִיהם נִיט — הָאט דֶער שַׁמָש אוּנְצוּפְרִידֶען גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר מוּז גֶעהְן גְלַייךְ מִיט מִיר אַלֶע וַוארְטִין שׁוֹין אוֹיף אִיהם .

לייזערקע אִיז אָן וֶוערְטֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם שַׁמָש פַאר דֶעם רֶעכְטֶען אוֹיעֶר אוּנ הָאט אִיהם אַרוֹיס גֶעפִיהְרְט פוּן שְׁטוּב .

גְוַואלְד מַיין אוֹיעֶר ! — הָאט דֶער שַׁמָש גֶעשְׁרִינֶען .

נָאר לייזערקע דֶער עַזוּת פָּנִים הָאט אוֹיף אִיהם גָאר קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גֶעהַאט הָאט אִים גוּט אָנְגֶעדְרֶעהט פַאר דֶעם אוֹיעֶר אוּנ הָאט אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען .

(יאקֶעל מאפּס)

האַב קיין מוֹרא ניט יאקעל ! — האָט לייזערקע צו איהם געזאָגט — איך גֶעה אַיְזעק אויף אַהאַלבֶּער שָׁעה, אויב עֶס וועט קוּמען נאָך אַשַׁמָשׁ דיך רוּפֶען הער אִיהם וויא דעם קאַטֶער זאָלְסט ניט גֵיין. דוּא וועקסט זעהֶען ווִיא שְׁפֶּעטֶער וועט ווערִין נאָר אַנַייעֶס אִין שְׁטָאדְט.

---

## ה׳.

### גוּט פַאנִיתְקא.

עֶס אִיז עֶרְשְׁט גֶיוועֶן צֶעהְן דֶער זֵייגֶער אִין דֶער פְרִיא, אַרוּם שוּל האָבֶּען זִיךְ צוּזאַמֶען גֶעקְלִיעבֶּען אַלֶע פִּיפְקֶער שְׁטָאדְט לַייט, עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען וויא מִיא זָאגְט אַקִינְד אִין ווִיעג, אַלֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען נַחַת קְלַייבֶּען פוּן דֶער צֶערֶעמָאנְיֶע וואָס בַּאלְד ווֶעט זִיךְ אָנְהֵייבֶּען אַלְס מִיא וועט יאקעל מאַפּס צוּשְׁמִידֶען צוּא דרייזיע ספּרינצען אוּנ מִיא ווֶעט זֵייא פִיהרֶען אִיבֶּער אַלֶע גַאסֶען, אַלֶע שַׁמָשׁוּם זַיינֶען שוֹין גֶעשְׁטַאנֶען גְרֵייט מִיט דִיא צְדָקָה פּוּשְׁקֶעס אִין דִיא הֶענְד אוּנ חייקעל דֶער קָהָלְשֶׁער מְשָׁרֵת האָט געֶהאַלְטֶען אִין הַאנְד דִיא קֵייט מִיט וועֶלְכֶע עֶר בַּאדַארְף צוּשְׁמִידֶען דִיא הוֹלְטַאיֶעס, מִיא האָט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְוואַרְטֶעט דִיא צְווייא רְשָׁעִים נאָך וועלְכֶע מִיא האָט אַרוּיס גֶעשִׁיקְט שַׁמָשִׁים זֵייא בְּרֵיינְגֶען.

פייטעל דֶער שַׁמָשׁ וועֶלְכֶען מִיא האָט גֶעשִׁיקְט נאָךְ דרייזיע ספּרינצען אִיז צוּ רִיק גֶעקוּמֶען אוּנ האָט גֶעבְּרַאכְט אַיְדִיעָה אַז דִיא חֲצוּפָה האָט זִיךְ עֶרְגֶעץ בַּאהַאלְטֶען, דֶער רב האָט בַּאלְד אַבֶּעפֶעהל גֶעגֶעבֶּען דִיא מְשָׁרְתִים פוּנ׳ם קהל שְׁטִיעבֶּעל זֵייא זָאלֶען זֵייא אוֹיפְזוּכֶען האָטְשׁ פוּן אוּנְטֶער דֶער עֶרד אוּנ זָאלֶען זֵיא

בְּרֵיינְגֶען , דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען זִיךְ צוּלָאזְט אִין אַלֶע זַייטֶען זִיא זוּכֶען ׃

נָאר געצעל דָער שַׁמָשׁ וָועלְכֶען מִיא הָאט גֶעשִׁיקְט בְּרֵיינְגֶען יאקעל מאפם אִיז צוּ רִיק גֶעקוּמֶען אַפְּעֶרְוַויינְטָער , מִיט אֵיין הַאנְד הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַאלְטֶען בַּייא דָעם אָהר , אוּנ הָאט דָער צֵיילְט אַז לייזערקע דָער יוּנְגאטְשׁ הָאט אִיהם שִׁיער דָעם אוֹיעֶר אָבְּ-גֶעריסֶען דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶערוּפֶען יאקלען , אוּנ עֶר לָאזְט אִיהם נִיט גֶעהֶען ׃

וָואס אִיז דָאס פַאר אַהָעזָה ? — הָאט דָער רב אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן — אַז אִיךְ הֵייס מוּז מַאן גֶעהֶען נעצעל גֶעה נָאךְ אַמָאל אוּנ זָאג אָהן דָעם הוּלְטַאי יאקלען עֶר זָאל שׁוין קוּמֶען ׃

נֵיין רבי — הָאט געצעל גֶיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וָועל נִיט גֶעהן אַרְחַמָנוּת אוֹיף מַיינֶע אוֹיעֶרְן , שִׁיקְט אִימֶעצֶען אַנְדֶערְשׁ ׃

וָואס אִיז דָאס פַאר אַרְצִיחָה — הָאט אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן טעמע סאסיע וֶועלְכֶע אִיז דָא אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען שְׁטַארְק צוּבְּרִידְעֶן דֶערְפוּן וָואס צוּלִיעב אִיהר אִיז אַזַא חֲתוּנָה גֶעוָוארְן — מִיט וָואס פַאר אַהָעזָה לָאזְט דָאס לייזערקע דָער שַׁיינֶעץ יאקלען נִיט גֶעהן אַז דָער רב רוּפְט אִיהם ? עֶר מַיינְט אִין דָער אֶמֶתְן אַז עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער לַייט וַוייל זַיין טַאטֶע אִיז אַנְגִיר ׃ רבי חִלְעבִּין אַנְיַעוְלָה וָואס אִיהר שְׁוַוייגְט , אִיהר בַּאדַארְפְט דָעם שַׁייגֶעץ מַהֲרִים זַיין ׃

דָאס גַאנְצֶע פּוּבְּלִיקוּם אִיז פְּלוּצְלוּנְג שְׁטִיל גֶעוָוארְן דָעןְ דִיא הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען וִויא יַאשִׁיק דָער דֶעסְיַאטְנִיק מִיט אַפָּאר סָאלְדַאטֶען זֵיינֶען צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּם שׁוּל ׃

וָואס קָאנֶען דִיא עֲרֵלִים דָא בַּאדַארְפֶען ? — הָאבֶּען זַייא אֵיינֶער דָעם צְוַויטֶען גֶעפְרֶעגְט אוּנ הָאבֶּען נָאכְגֶעקוּקְט יאשיקן וואוּהִין עֶר גֶעהט ׃

עֶרְשְׁט יאשיק אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶעלֶער פוּן דֶער שׁוּל וואוּ עֶס זַיינֶען גֶעלֶעגֶען טעמע סאסיעס פְּרוּכְט אוּנ הָאבֶּען גֶענוּמֶען פֶערְהַהָמָנְן דִיא טִיהר ׃

ניט טויט ניט לעבענדיג איז טעמע סאסיע צו זייא צוגעלאפֿן
און האט געפֿרעגט וואס דאס באדייט ?

דער גאראדניצע האט געהייסן פֿערהתמנן דיינע פֿרוכט
ווייל ער האט ערפֿאהרען אז אין דער וועלט הערט זיך דיא
חאלעריע — האט יאשיק קאלט געענטפֿערט — ביא נאכט וועלן
מיר דיינע עפיל דיינע באריין און אלין וואס עס ליעגט אין
קעלער אריינוואַרפֿען אין טייך .

אקלאג איז מיר געשעהען ! פֿינסטער איז מיין וועלט ! —
האט טעמע סאסיע געקלאגט פֿערברעכענדיג דיא הענד — יורען
בני רחמנים ראטעוועט מיך ! מיר וועט אויסקומען פֿון בריק און
אין וואסער דאס איז דאך מיין גאנצער איינענם וועה איז מיר ,
איך בין נאך אויף דעם , געלד אויך שולדיג, און איך קאן נאך
זיטצען אין אסטראג .

וואס קאנען מיר אייך העלפען — האט געענטפֿערט רבי
שמעיה דער ראש הקהל , געהט אליין אריין צום אדון בעט איהם
אפשר וועט ער אויף אייך רחמנות האבען .

טעמע סאסיע האט פֿערקאטשעט דאס קלייד און איז גע-
פֿלויגען צום גאראדניצע .

לויפֿענדיג דורך דעם מארק האט טעמע סאסיע גיזעהען
גאר אנייע שרעקליכע סצענע פאליציייסקע האבען איבערגעקערט
אלע מולטערס מיט פֿרוכט וואס זיינען געשטאנען אויף דעם
מארק , זייא האבען דאס צו ווארפֿען אין אלע ניטען און אלע
ווייבער פֿון דיא פֿרוכט זיינען געשטאנען און האבען געיאמערט
קוקענדיג וויא זייער פֿראצע וואלגערט זיך אין בלאטע .

טעמע סאסיע איז טויט געווארין וויא אלע טויטע , דען
פֿון דיא אלע ווייבער האט איהר געקוקט געלד און זיא האט
געוואוסט אז זייא וועלען איהר יעצט שוין אקאפיקע ניט אבּ-
געבען , זיא איז פֿערצווייפֿעלט אריינגעלאפֿען צום גאראדניצע .

פֿאַנִינְקָא בּאַטְעוָוע מִיךְ ! — הָאט דִיא גֶעיָאמֶערְט פֿאָלְגֶענְדִיג אוֹיף דִיא קְנִיא — אִיךְ בִּין אַנְ׳אַלְמָנָה מַאךְ מִיךְ נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ.

דוּא בִּיזְט אַנְ׳אַלְמָנָה אַנְ׳אָרֶעמֶע פְרוֹיא — הָאט דֶער נָארָאדְנִיצֶע מִי.. בֵּעס גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּנ דִיר לִיעגְט אִין זִינֶען אַזֶעלְכֶע נַארִישְׁקַייט אוֹיפְבּוּנְטֶעוָועןְ דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט אוֹיף צְווייא אָרֶעמֶע מֶענְשֶׁען צוּ מַאכֶען זַייא אוּנְגְלִיקְלִיךְ.

וָואס פַאר אַמֶענְטְשֶׁען פּאנִינְקָא ? — הָאט טעמע סאסיע פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט.

אִיךְ מַיין טַאקִי הערשקעס מְשָׁרֶת יאקעל מִיט זַיין כַּלֶה — הָאט דֶער נאראדניצע גִיעֶנְטְפֶערְט — פַאר וָואס הָאסְטוּ אוֹיף זַייא אוֹיפְגֶעבּוּנְטֶעוָועט דַיינֶע שְׁטָאדְטְלַייט. נוּר דֶערְפַאר הָאבּ אִיךְ גֶעהֵייסֶען דַיין קֶעלֶער פֶערְזִיעגְלֶען, אוּנ בִּיז מָארְגֶען פְּרִיה וָועט בַּייא דִיר נִיט כְּלַייבֶּען נִיט אֵיין עֶפֶּעל, אוּנ זָאלֶען לַייט נְקָמָה זֶעהֶען אוֹיף דִיר דֶערְפַאר וָואס דוּא וִוילְסְט נְקָמָה זֶעהֶען אִין אַנְדֶערֶע.

פַאנִינְקָא אִיךְ וֶועל שׁוֹין מֶעהר נִיט טָאהן הָאבּ רַחֲמָנוּת — הָאט זִיא גֶעיָאמֶערְט.

זֶעהסְטוּ אוֹיבּ דוּא וֶועסְט קָאנֶען פֶערְרִיכְטֶען דָאס וָואס דוּא הָאסְט קַאלְיֶע גֶעמַאכְט אַז דוּא וֶועסְט פַאר אַלֶעמֶען עֶרְצֶעהלֶען אַז דָאס וָואס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אוֹיף יאקלען מִיט זַיין כַּלֶה אִיז אַלִיגֶען, אוּנ אִיךְ וֶועל זֶעהֶען אַז מִיא הָאט אוֹיפְגֶיהֶערְט זַייא צוּ פֶערְפָאלְגֶען, דַאן וֶועל אִיךְ דַיין קֶעלֶער עֶפֶענֶען. נָאר מִיט דֶעם תְּנַאי דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דֶער אָרְמֶער מֶעדְכֶען וָועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל.

פַאנִינְקָא אִיךְ פֶערְמָאג נִיט — הָאט זִיךְ טעמע סאסיע גִיבֶּעטֶען.

אַז דוּא פֶערְמָאגְסְט נִיט בַּאדַארְף מַאן נִים, מַארְשׁ פוּן דַאנֶען, אָן דַיינֶע פְרוּכְט זָאלְכְטוּ פֶערְגֶעסֶען, דֶען דוּא וֶועסְט זַייא שׁוֹין מֶעהר נִיט זֶעהֶען.

נוא אַסוֹף איך װעל זײא גֶעבֶען הונדֶערְט רובֶּעל ·
אונ נֶעהם אַרָאפּ פון זײא דיא שולד װָאס דוא הָאסְט אויף
זײא אַרויפְגֶעלֵײגְט אַנְדֶערְשׁ װעל איך אויף דיר קֵײן רַחֲמָנוּת נִיט
הָאבֶּען ·

איך װעל אַלְץ טָאהן װיא דוא הֵייסְט פַּאנִינְקָא ·

נָאר קֵײנֶער זָאל נִיט װיסֶען אַז איך הָאבּ דָאס דיר גֶעהֵײסֶען, גֶעדֵײנְק װָאס איך זָאג דיר אָן — הָאט דֶער גראַדניצע שְׁטְרֶענְג גֶעזָאגְט ·

גוּט פַּאנִינְקָא ! — הָאט טעמע סאסיע װֵײנֶענְד גֶיעֶנְטפֶערְט אונ איז אַרויס גֶעגַאנְגֶען פון גְראַדְנִיצֶעס הויז ·

---

## ז.

### צוּרִיק אַהֵיים ·

דֶער שׁוּלְהויף זײא נָאךְ אַלְץ גִיװֶען פָאל , דיא מַעֲשֶׂה מִיט טעמע סאסיעס קֶעלֶער הָאט מֶעהר נִישְׁט גֶעגֶעבֶּען שְׁטָאף צום רֵיידֶען בִּיז דיא צֶערֶעמָאנְיֶע װֶעט זִיךְ אָנְהֵייבִּין מִיט יאקלען אונ מִיט דרײזיע כפרינצען · דֶער עוֹלָם הָאט דֶערְװַײל גירֶעדְט װֶעגֶען דֶער חָאלֶערְיֶע , אונ בַּײא אַלֶעמֶען איז גֶעבְּלִיעבֶּען כְּהֶסְכֵּם אַז דיא חָאלֶערְיֶע הָאט אויך גָאט אָנְגֶעשִׁיקְט אויף דֶער װֶעלְט פַאר דיא חַטָאִים , אונ דֶער נַארָאד איז נָאךְ מֶעהר צוּהִיטְצְט גֶעװָארִין צוא זֶעהֶען דֶעם שְׁװַארְצֶען סוֹף פון דיא נַײֶע פֶערְבְּרֶעכֶער ·

שַׁא אָט לויפְט טעמע סאסיע צוּרִיק פון גראדניצע — הָאט רבי שמעיה דֶער ראש הַקָהָל גֶעזָאגְט — זיא הָאט בְּוַדַאי גֶעמוּזְט הָערֶען אין װֶעלְכֶע שְׁטֶעדְט איז איצְט דיא חָאלֶערְיֶע ·

טעמע סאסיע איז צוגֶעלָאפִין צום רב אונ הָאט װֵײנֶענְד אַנְגֶעשְׁרֵײא גֶעטָאהן : רַבִּי'נְיֶא זִיסֶער הַארְצֶעדִיגֶער רַבִּי'נְיֶא ! איך זעה טַאקִי אַז גָאט הָאט מִיךְ מִיט זַײן כְּשֶׁרֶער הַאנְד גֶעשְׁטְרָאפְט

פאר

דָער פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אויס גִיקְלֶערְט אַזַא לִיגֶען אויף צְוַוייא אוּמְשוּלְדִיגֶע מֶענְטְשֶׁען.

וָואס פַאר אַלִיגֶען ? — הָאט דָער רָב גֶעפְרֶעגְט.

אִיךְ בִּין מִיךְ מוֹדֶה וּמַתְוַדֶה פַאר אַייךְ אוּנ פַאר אַלֶע יוּדֶען חָאם שְׁטֵייעֶן דָא אַז דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְצֵיילְט וֶועגִין יאקעל מאפס אוּנ וֶועגִין דרייזיע ספרינצען אִיז שֶׁקֶר וְכָזָב. אִיךְ בִּין גִיוֶוען אִין כַּעַס אויף דרייזיע ספרינצען דָער פַאר וָואס זִיא הָאט מִיר מְזוּמֶענֶע דְרַייא גִילְדֶען פֶערְלֵייגְנֶעט, אוּנ אויף יאקלען דָער פַאר וָואס עֶר הָאט מִיךְ הַיינְטִיגֶע וָואךְ פוּן הערשעלעס שְׁטוּבּ אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אוֹיס גִיקְלֶערְט אויף זַייא אַז אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעחַאפְּט נָאר אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ זָאל אִיךְ אַזוֹי רֵיין קוּמֶען אויף יֶענֶער וֶועלְט וִויא רֵיין זַייא זַיינֶען. אוּנ דֶערְפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אויף זַייא אַזַא שֵׁם רַע אַרוֹיס גֶעבִּין מָאנְט אִיהר מִיךְ קְנַסֶענֶען מִיט וָואס אִיהר ווִילְט.

עָס אִיז גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דֶעם עוֹלָם אַהוּזֶערַייא.

דָאס אִיז אַבִּיסֶעל אַרְצִיחָה אוּים צוּ קְלֶערִין אַזַא לִיגֶען אויף עֶהֶערְלִיכֶע מֶענְטְשֶׁען — הָאבֶּען אֵיינִיגֶע גֶעזָאגְט.

אַשְׁוַוארְצֶער חָלוּם אויף דֶער בֶּעזְנָאסֶערְ'ס קָאפּ — הָאבִּין אַנְדֶערֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט שְׁטֵייעֶן מִיר דָא אַזַא לַאנְגֶע צַייט.

מִיא הָאט דָער יְמַחְשְׁמוֹנִיצֶע בַּאדַארְפְט מַתִּיר זַיין פַאר אַזַא שֶׁקֶר.

מִיא הָאט זִיא בַּאדַארְפְט דָער פַאר פִּיהְרֶען מִיט אַקִיט אִיבֶּער דָער שְׁטָאדְט.

מִיא וָואלְט גֶעוִוים טעמע סאסיען מְכַבֵּד גִיוֶועןן מִיט נוּטֶע קְלֶעפּ וֶוען זִיא זָאל זִיךְ נִיט גִיוֶועןן אָבְּרוּקֶען. מִיא הָאט גָאר נִיט בַּאמֶערְקְט וואו הִין זִיא אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען.

דָער עוֹלָם הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען פוּן אֵיינְאַנְדֶער צוּא גֵיין

יאקעל מאפס

שטארק

שְׁטַארְק אוּנְצוּפְרִידֶען וָואס זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט דָאס פֶּערְגֶענִיגֶען וָואס זַייא הָאבֶּען עֶרְוַוארְטֶעט.

דָער פַאר אָבֶער הָאבֶּען אַלֶע נָשִׁים צִדְקָנִיוֹת פוּן פִיפְּקֶע זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען דרייזיגֶע ספרינצעס קְרִיוְודֶע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען זִיא חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען פַאר דֶעם צַעַר וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט. אוּנ בַּייא זַייא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיא זָאל מַאקֶע דִיא צְוַוייטֶען יאקעל מאפס מִיט דרייזיגֶע ספרינצען מַאכֶען פַאר מַאן אוּנ וַוייבּ.

ציפה גנענדעל דִיא שְׁטָאדְט מוּהְמֶע הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט גֵיין אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט אוֹיף מַאכֶען אוֹיף הַכְנָסַת כַּלָּה. אוּנ דָאס מָאהל הָאבֶּען אַלֶע גִיגֶעבֶּען נְדָבוֹת, זִיא הָאט אוֹיף גִיקְלִיבֶּען גַאנְצֶע פוּפְצִיג רוּבִּיל. אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע פְרוּמֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ עֶנֶערְגִישׁ גֶענוּמֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה אוּנ מִיא הָאט אִין אַגוּטֶער מַזָּלְדִיגֶער שָׁעָה גֶעפִיהְרְט אוּנְזֶער יאקעל מאפס מִיט דרייזיגֶע ספרינצען צוּ דֶער חוּפָּה. אוּנ דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז צוּ דֶער חוּפָּה גֶעגַאנְגֶען אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק מְשַׂמֵּחַ גִיוֶוען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה.

אַלֶע הָאבֶּען מוֹחֵל גִיוֶוען טעמע סאסיעס זִינְד אַלְס מִיא הָאט עֶרְהֶערְט אַז זִיא הָאט דרייזיגֶע ספרינצען גֶעשֶׁענְקְט גַאנְצֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אַבִּי זִיא זָאל אִיהר מוֹחֵל זַיין. אוֹיךְ דֶער גָארָאדְנִיצֶע הָאט אִיהר מוֹחֵל גִיוֶוען אִיהרֶע עֲבֵירוֹת דָען עֶר הָאט אִיהר קֶעלֶער גִיעֶפִינְט דָער פַאר אָבֶער הָאט זִיא גֶעהַאט הֶיזֵיק פוּן דִיא מַארְק וַוייבֶּער, נִיט אֵיינֶע פוּן זַייא הָאט אִיהר אָבְּגֶעגֶעבֶּען דָאס וָואס אִיהר קוּמְט.

---

# ז.

## אִין דְרַייסִיג יָאהר אַרוּם

אַיין יָאהר בִּין אִיךְ גְרוֹנם ברבי פסח סג"ל גִיוֶוען נָאךְ יֶענֶער חֲתוּנָה

אין פיפקע. נאכהער בין איך אוועק געפארען אין וואלאזינער ישיבה דארט בין איך געזעסען עטליכע יאהר אונ האב גילערנט, ביז אגרייכער ישובניק האט מיך אויס געכאפט פאר זיין טאכטער אונ איך האב מיט מזל צו מיט שלימזל חתונה געהאט. וואס מיט מיר האט זיך איבער געטאהן נאך מיין חתונה וועל איך אייך ערציילען אין איין אנדער ביכעל. דער ווייל וויל איך אייך מעהר ניט בעשרייבען גאך אקלייניגקייט וואס איז נוגע צוא יאקעל מאפס.

איך בין פון יענער צייט וואס איך האב פערלאזט פיפקע דארט מעהר ניט גיוועזען גאנצע דרייסיג יאהר, אסך וואסערין זיינען פון יענער צייט אן איבער געלאפען אסך זאכען האבען זיך אין דער לאנגער צייט איבער גיקעהרט קאפויר מיט דעם קאפף אראפ אונ מיט דיא פיס ארוף, אויסער בייא מיר איז קיין איבערקעהרעניש ניט גיווארען, איך בין גיוועזען אקבצן אונ בין אדאנק גאט היינט אויך דער שיינער אביון, נאר מיט עטליכע טעכטער האט מיך זיין ליבער נאמען יא געבענטשט, זייא זיינען דווקא שיינע מיידלאך נור צו דיא שיינקייט ווילען היינטיגע חתנים געלד אויך אונ דאס ווייסט איהר דאך שאן אז איך האב ניט.

מיט צווייא יאהר צוריק האט מען מיין עלטערע טאכטער זעלרען גירעדט אשידוך פון פיפקע, אונ איך האב געמוזט אהין פאהרען זעהען דעם חתן.

איך האב מיך זייער גיפרייט אלס איך האב מיך דער מאהנט אז איך וועל באלד זיין אין מיין געבורטסשטאדט וואו איך בין ניט גיוועזען דרייסיג קיליכדיגע יאהר.

נאר שטעלט אייך פאר מיין איבערראשונג אז אריינפאהרענדיג אין פיפקע האב איך דיא שטאדט ניט ערקאנט דאס איז גאר געווארען איין אנדער שטאדט אגרויסע מיט מויערין אונ מיט קראמען גאר להבדיל וויא אין דיא גרויסע שטעדט. איך האב

דאָ ניט אַיין בּאַקאַנט פָּנים בּאַגעגינט אַלץ נייע פרישע מענטשעלין

מיין חתן האָב איך גיזעהען ער איז מיר גיפעלין געוואָרען און בּייא אונז איז געבּליבּען מיר זאָלען דער ווייל מאַכען אַקבּלת קנין איינלייגען דיא נדנים און נאָכדעם פאָהרען אויף תנאים (דען חתן כלה האָבּען זיך שאָן גיקאָנט) ·

עס איז געוואָרען דיא פראַגע בּייא וועמען לייגט מען איין דיא נדנ׳ס ·

מיר וועלען איינלייגען בּייא דעם גביר גרינשטיין — האָט מיין מחותן געזאָגט ·

איז ער האָטש אַבּטוח ? האָב איך גיפרעגט ·

אַשאלה אַבּיסעל צו איז ער אַבּטוח, יענער איז אַגביר עצום פרענט איהר צוא ער איז אַבּטוח אויף געציילטע עטליכע הונדערט רובּיל ·

עס איז אַזוי געבּליבּען און דער מחותן האָט מיך אַריינגעפיהרט צוא דעם גביר גרינשטיין אין זיין דרייא שטאָקיגעס הו״ז ·

בּייא מיין ערשטען אַריינקומען האָב איך ערקאַנט אַז דער גרינשטיין מוז טאַקע זיין אַגרויסער גביר · דען איך האָב נאָך אין מיין לעבּען ניט גיזעהען אַזאַ רייכטהום · עס פערשטייט זיך אַז איך בּין בּייא זיך שטאַרק בּטל געוואָרען אַלס איך בּין אַריינגעקומען צו דעם גביר אין צימער ·

דער הער גרינבערג וואר שאָן אַמאַן פון אַיאָהר פופציג אָן זיין פּנים און אָן זיין בּייבעל האָט מען גרינג גיקענט דער קאָנען אַז ער לעבּט אַגוטען טאָג · ער האָט אונז זייער פּשוט און פריינדליך עמפּפאַנגען און אַלס ער האָט גיהערט וואס מיר פערלאַנגען האָט ער געזאָגט צו מיין מחותן אייך צו ליב רבּי חיים וועל איך דאס טאָהן ·

וואס מעהר איך האָב געקוקט אויף דעם גביר איז ער מיר אַלץ בּעקאַנטער פאָרגעקומען, איך וואָלט שווערען אַז איך האָב

איהם עֶרְגֶעץ גִיזֶעהֶען נור וואז הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט גֶעקָאנְט דֶער מָאהנֶען .

אַרוֹיס גֵייעֶנְדִיג פוּן דֶעם גְבִיר הָאבּ אִיךְ גִיפְרֶעגְט דֶעם מְחוּתָּן : זָאגְט מִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ וִויא רוּפְט מֶען דֶעם גְבִיר ?

עֶר הַייסְט יאקאב אָדֶער יעקב .

עֶר אִיז אַהִיגֶער אַגֶעבָּארֶענֶער .

יַא עֶר אִיז אַהִיגֶער , עֶר אִיז אַמָאהל דָא הִיא גִיוֶועזֶען אַמְשָׁרֵת .

מַיין גָאט אִיז דָאס אָפְּט נִיט יאקעל מאפס — הָאבּ אִיךְ אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן .

יַא יַא עֶר הָאט טַאקֶע אַמָאהל אַזוֹי גֶעהֵייסֶען ; הָאט דֶער מְחוּתָּן גִיעֶנְטְפֶערְט .

שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר מַיין עֶרְשְׁטוֹינֶען , יאקעל מאפס וָואס הָאט אַמָאהל גֶעהַאוְוקֶעט וִויא אַהוּנְד אוּנ הָאט גֶעזָאלְט אַרוּם גֶעפִיהרְט וֶוערִין אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט מִיט אַקַייט עֶר אִיז הַיינְט אַזַא גְבִיר אוּנ שְׁפִּילְט אַזַא רָאלֶע ? אִיז דָאס נִיט גָאטְס וואוּנְדֶער ? .

אִיךְ הָאבּ נָאכְהֶער עֶרְפַאהרֶען אַז זַיין וַוייבּ דרייזיע ספרינצע אִיז הַיינְט דִיא שֶׁענְסְטֶע מַאדַאם אִין שְׁטָאדְט אוּנ זִיא הֵייסְט מַאדַאם דָארָא גרינשטיין , אוּנ עֶס אִיז אַגַאנְצֶע זְכִיָה וֶוען יֶעמַאנְד רֶעדְט אוֹים מִיט אִיהר אַוָואָרְט .

רבונו של עולם ! — הָאבּ אִיךְ דַאמַאלְס גֶעזָאגְט — אַשְׁרֵי הָאִישׁ וַוייל אִיז דֶעם מֶענְטְשֶׁען וָואס עֶר פֶּערְנֶעהמְט זִיךְ מִיט מִסְחוֹר דוּרךְ מִסְחוֹר קָאן מֶען פְּאָרְט קוּמֶען צוּם גְלִיק , לֹא כן נִיט אַזוֹי זַיינֶען דִיא מְלַמְדִים אוּנ דִיא רָאמַאנֶענְשְׁרַייבֶּער זַייא בְּלַייבֶּען טַאקֶע קַבְּצָנִים בִּיז אִין טוֹיט אַרַיין .

—⁂—